I Rok. Gazeta Żydowska Robotnicza Organ partyi socyalno-demokratycznej. Nr. 15.

די אַדרעסע פון דער רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע:
Jüdische Arbeiter Zeitung
Kraków,
Sławkowska 29.
טעלעפאָן נומער 624
איינצעלנע נומער 8 העל.

# יודישע
# אַרבייטער=צייטונג

אָרגאַן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

ערשיינט יעדען פרייטאָג.

אַבאָנאַמענטס־פּרייז:
יעהרליך: 4. קראָנען.
האַלביעהרליך: 2. קראָנען.
פיערטעליעהרליך: 1. קראָנע.

פּרייז פון אַנאָנסען:
פיר יעדער שורה פעטיט אָדער איהר פּלאַטץ 10 העללער.

Kraków, piątek 14 lipca 1905. נומער 15. קראָקוי, 14 יולי, 1905.

## גענאָסען, פערשפּרייט די „יודישע אַרבייטער צייטונג".

## ענדליך שלום.

(פון אַן ערצעהלונג.)

צוויי בעטען שטעהען אין שפּיטאָל.
אין איינע האַלב־געשטאָרבען,
אַ יוד מאַטערט זיך... פון פּאַגראָם
אַ פריש־געבראַכטער קרבן...

און אין דער צווייטער קרעכצט אַ קריסט,
געבראַכט איהם האָט דער וואָגען,
צוגלייך מיט יענע וועלכע ס'האָט
זיין מערדער־האַנד געשלאָגען...

שוואַרץ פלאַטערט איבער יעדענס קאָפּ,
דעם מלאך המות־פאָהנע,
דער יוד זאָגט וידוי און דער קריסט
צלם'ט זיך מיט כונה...

די נוסס'ע בעקוקען זיך —
די שנאה איז פערשוואונדען,
עס זעהען זיך מיט מיטלייד אָן,
צוויי בית־הקברות־קונדען.

און ביי דעם סאַמע קבר־שוועל,
די שותפית'דיגע ליידען,
צום ערשטען מאָל, צום לעצטען מאָל
פאַראייניגט האָבען ביידען...

עס וויינען די מלאכים שטיל,
עס לאַכען די טייוואָלים: —
די לעבעדיגע קוילען זיך,
די גסיסה — זי מאַכט שלום...

יהואש (פאָרווערטס.)

## ווער איז שולדיג?

דער קאַמפף מיט די סעפּאַראַטיסטען האָט זיך אין קראָקוי און ערטערווייז אויף דער פּראָווינץ פערשאַרפט. מיר טרעפען זיך דעריבער אָפטמאָל זייטענס גענאָסען און געגנער מיט אַזאַ פראַגע: „וואָרום בעקעמפּפט איהר אַזוי די סעפּאַראַטיסטען, זיי זענען דאָך אויך גענאָסען?" נור דערהויפּט וואונדערן זיך איינינע סעפּאַראַטיסטען. הער יעקב ביערפאַס אויס טאַרנאָפּאָל מוסר'ט אונז אין אַ לאַנגען בריעף און פערזיכערט אונז אַז „ער וואָלט תמיד גערן, אַז עס זאָל הערשען צווישען אונז פריעדען, דען מיר האָבען איין ציעל". עס לוינט זיך איבער דעם אַביסעל נעהנטער אָבשטעלען. די אַלע, וואָס פערלאַנגען, מיר זאָלען די סעפּאַראַטיסטען ניט בעקעמפּפען, האָבען קיין בעגריעף ניט וואָס איז אַזוינס אַ סאָצ. דעמ. פּאַרטיי. זיי ווייסען פיעלייכט גאַנץ גוט וואָס איז סאָציאַליזמוס, אָבער זיי ווייסען ניט וואָס איז אַ סאָצ. דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. און מיר וואונדערן זיך נאָר ניט, ווען מיר זעהען, אַז זאָגאָר דער פיהרער פון די סעפּאַראַטיסטען זאָגט, אַז „כדי צו זיין סאָצ. דעמאָקראַטען ברויך מען קיין שום פּאַטענטען ניט און אויב מיר זענען סאָצ. דעמאָקראַטען קען קיינער ניט דעצידירען נאָר מיר אַליין"; ווען מיר זעהען, אַז ער היבט ניט אָן צו פערשטעהען וואָס די פּאַרטיי איז פאַר אַ סאָצ. דעמאָקראַט, — ווייל ביי אונז האָט ביז ניט לאַנג געהערשט די איינינקייט אין דער פּאַרטיי און דאָס וואָרט „סאָצ. דעמאָקראַט" איז געוועזען אַלץ איינס ווי „פּאַרטיי גענאָסע" פון דער עסטרייכישער אָדער פון אַן'אויסלענדישער פּאַרטיי. איצט אַז די איינינקייט האָט אויפגעהערט, אָריענטירען זיך פיעל ניט און פרעגען תמ'עוואַטע: וואָרום בעקעמפּפט מען אונז, מיר זענען דאָך די זעלבע סאָצ. דעמאָקראַטען?

די סאָצ. דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז ניט קיין גלויבען, ניט קיין לייזער פערבאַנד פון מענשען פון פערשיעדענע אַנבליקען און אויך ניט קיין קלוב וואו יעדער מיטגליעד קען קומען זיך וויילען פאַר זיין געלד ווי ער וויל און ווי ער פערשטעהט. די סאָצ. דעמ. פּאַרטיי איז אַ שטייפע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט דעם ציעל צו בעקעמפּפען די היינטיגע אָרדנונג און איינפיהרען די סאָציאַליסטישע. אַ סאָצ. דעמאָקראַט איז נור דער, וואָס נעהער צו דער פּאַרטיי. מיט ווילען אַליין, ניט צוטרעטענדיג צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז מען אַזוי ווייניג סאָצ. דעמ. ריכטיג ווי מיט ווילען פאָהרען אַליין, ניט געהענדיג אויפ'ן באַהן הויף און ניט קויפענדיג קיין בילעט קען מען בלייבען וואָכענלאַנג אויף דעם זעלבען אָרט. די אָרגאַניזאַציע שפּיעלט אַלזאָ ביי די סאָצ. דעמאָקראַטען די הויפּטראָלע, ווייל זי איז דער מיטעל, וועלכער פיהרט צום הויפּטציעל — צום סאָציאַליזמוס. די אָרגאַניזאַציע איז אַ פּאָליטישע און אַ געווערקשאַפטליכע; די ביידע אָרגאַניזאַציעס זענען אָבער — ספּעציעל אין עסטרייך — אַזוי ענג צוזאַמענגעפלאָכטען, אַז עס איז אונמעגליך זיי איינע פון דער אַנדערע אָבטהיילען. ווער עס נעהער אַלזאָ ניט צו דער סאָצ. דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, איז ניט קיין סאָצ. דעמאָקראַט, ער מעג קענען מאַרקס'ען בעל פה.

פאַר אונז איז די זאַך אַלזאָ קלאָר. די עסטרייכישע עקזעקוטיווע (אונזערע העכסטע פּאַרטיי־אינסטאַנץ ביז דעם קאָנגרעס) האָט ערקלעהרט, אַז די סעפּאַראַטיסטען שטעהען, אַרויסטרעטענדיג פון דער פּוילישער סאָצ. דעמ. פּאַרטיי, אויסער דער עסטרייכישער סאָצ. דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. זיי זענען אַלזאָ ניט קיין סאָצ. דעמאָקראַטען, זיי זענען ניט מעהר קיין גענאָסען.

נור דאָס אַליין וואָלט נאָך אונז קיין רעכט ניט געבען, זיי צו בעקעמפּפען. פיעל מענשען שטעהען אויסער דער עסטרייכישער סאָצ. דעמ. פּאַרטיי און מיר בעקעמפּפען זיי ניט. מיר וואָלטען זיי לאָזען צו רוה, ווען זיי וואָלטען ניט שאַדען אונזער אָרגאַניזאַציע: אי דער פּאָליטישער, אי דער געווערקשאַפטליכער. דערמיט, וואָס זיי ווילען אַרויסרייסען אַ טהייל יודישען פּראָלעטאַריאַט פון אונזער פּאַרטיי, דערמיט וואָס זיי קריכען אין די געווערקשאַפטליכע פעראיינען ניט אַלס אונפּאַרטייאישע אַרבייטער, נור מיט זייערע סעפּאַראַטיסטישע טענדענצען. דאָס טאָ־ די סאָצ. דעמאָקראַטישע פּאַרטיי ניט



## Zofia Biesiadecka

Oświęcim.



Przez Wysokie ck. Namiestnictwo koncesyon.

## Biuro PODRÓŻY

**Zofii Biesiadeckiej**

**Oświęcim (dworzec)**

**sprzedaje bilety okrętowe**

**do Ameryki**

I., II. i III. klasy dla parostatków pospiesznych, oraz bilety kolejowe dla kolei północno-amerykańskich we wszystkich kierunkach.

**Ceny ściśle wedle taryf okrętowych i kolejowych**

**Bilety okrętowe do Kanady i bilety kolejowe kanadyjskie.**

Prospekty darmo i opłatnie.

---

## Tajny memoryał kuratora warszawskiego Szwarca

w sprawach szkolnych

Cena 1 kor. Cena 1 kor.

## Strejk polityczny w Królestwie Polskiem

Cena 2 kor. Cena 2 kor.

Do nabycia we wszystkich księgarniach oraz administracyi „Naprzodu“ i „Przedświtu“ (Kraków, Grodzka 50). Zwracający się wprost do administracyi, nie poniosą kosztów przesyłki.

---

## = F. MISSLER, BREMEN. =



## CESARSKIE PAROWCE

| | |
|---|---|
| „Kaiser Wilhelm II.“ | 215 metrów długi |
| „Kronprinz Wilhelm“ | 202 metrów długi |
| „Kaiser Wilhelm der Grosse“ | 198 metrów długi |

**jadą z Bremy do Nowego Yorku 6 do 7 dni.**

Odjazd we wtorki.

**esarskie** parowoe jadą tylko z **Bremy,** kto więc chce **cesarskimi** parowcami jechać, **może zupełnie swobodnie bez przeszkody podróżować,** nikt nie ma prawa zabronić mu tego. Każdy powinien już w domu postanowić w jakim kierunku jechać zamierza i nie powinien w drodze dać się namówić, lub odwieść od swego zamiaru.

**Każdy ma swoją wolną wolę i może za swoje pieniądze podróżować dokąd chce.**

W każdym jednak razie należy się zawczasu postarać o miejsce na statku, a dla zapewnienia tegoż należy wcześnie nadesłać na mój adres 20 koron zadatku.

**F. Missler, Bremen, Bahnhofstrasse 30.**

---

צו בעקומען אין אלע גרעסערע געשעפטען

## PARVEOL

!!

די ריינסטע

גוואראנטירטע

פפלאנצונגס

פוטער

פארטרעט פאלשטענדיג
דאס נאטירליכע פוטער.

נויטהיג אין יעדער יודישער
קעך צום קאכען, פרעגלען
און באקען.

און דער פאבריק פון יאנ. זינגער אין ביעלסק (עסטרייכישע שלעזיען).

דער גענ. פערטרעטער פיר גאליציען און בוקאווינא:

**Simon Loria, Kraków, Sebastayna 20.**

---

Do



## Ameryki!

**jakoteż do innych zamorskich krajów przeprawia najtaniej** powszechnie znana firma

## B. Karlsberg, Hamburg

**Ferdinandstr. 15.**

☛ **Nim kto szyfkartę kupi, niech porówna moje ceny z cenami agentów okrętowych.**

---

## Skład Piwa Karwinskiego

Jego Ekscel. hr. Larisch-Mönnich'a

Kraków, ul. Poselska 15 — Telefon 431

poleca P. T. Publiczności swoje wyśmienite piwa

jako specyalność

**PIWO ZDROWOTNE**

**à la Kulmbachskie**

**(Granatbräu)**

**I PIWO CESARSKIE**

**à la Pilzneńskie, beczkowe i butelkowe.**

jako specyalność

**Wysyłka do domu. — O liczne zamówienia uprzejmie uprasza**

*Skład Piwa Karwińskiego*

Wydawca i odpowiedzialny redaktor Ignacy Gross.

Z drukarni Józefa Fischera w Krakowie

די מלוכה'מישט זיך ניט און אינטערעסירט זיך ניט מיט דער אמונה פֿון איהרע אונטערטאַנען. יעדער מעג דיענען גאָט, ווי ער וויל. עס איז ניטאָ פֿאַר דער מלוכה קיין אמונה מיט גרעסערע און קלענערע רעכט. אַלע אמונות זענען פֿאַר דער מלוכה גאַנץ גלייך. די מלוכה שטיצט גיט קיין שום אמונה, גיט ניט קיין געלד אויף בויען קירכען און צאָהלט ניט קיין געהאַלט די גייסטליכע.

די אָנהענגער פֿון יעדער אמונה מעגען זיך אַליין זאָרגען פֿאַר די בעדערפֿענישען פֿון זייער אמונה. זיי מעגען זיך גרינדען בעזונדערע פֿעראיינען אויף צו פֿיהרען די ענינים פֿון דער אמונה. די רעליגיעזע פֿעראיינען פֿון פֿערשיעדענע שטעדט קאָנען זיך פֿעראייניגען צוזאַמען אויף צו שטיצען די אָרימערע געמיינדען און פֿעראיינען.

עס טאָרען ניט אַרויסגעלענט ווערען בעזונדערע אָבצאָהלונגען אויף אויסצוהאַלטען די קירכען און גייסטליכע. די הכנסות פֿאַר די רעליגיעזע בעדערפֿענישען קאָנען בעשטעהן נור פֿון חבר־געלד, וואָס עס צאָהלען איין די מיטגליעדער פֿון די פֿעראיינען, און פֿון דעם געצאָהלט, וואָס מען גיט פֿאַר געוויסע רעליגיעזע צערעמאָניעס.

די רעגירונג נעהמט זיך דאָס רעכט אַכטונג צו געבען, אַז די דאָזיגע יסודות זאָלען אָבגעהיט ווערען פֿון אַלע רעליגיעזע געמיינדען, סיי פֿון קאַטוילישע, סיי פֿון פּראָטעסטאַנטישע, סיי פֿון יודישע. אין דעם פּראָיעקט זענען אויך בעשטימט פּונקטען, וויא צו פֿערהיטען, אַז די רעליגיעזע געמיינדען זאָלען ניט קאָנען אָנקלויבען קיין גרויסע קאַפּיטאַלען און זאָלען קאָנען ווערען אַ פּאָליטישע קראַפֿט. די רעליגיעזע פֿעראיינען וועט זיין פֿערווערט זיך צו פֿערנעהמען מיט אנדערע זאַכען, חוץ אמונה. אין די קירכען טאָרען ניט געהאַלטען ווערען קיין פּאָ׳יטישע רעדען, פֿון די גייסטליכע ווערט צוגענומען די מעגליכקייט זיך צו פֿערנעהמען מיט פּאָליטישער אַגיטאַציע.

צו וועט די פֿראַנצויזישע רעגירונג האָבען מוטה איינפֿיהרען דעם געזעטץ אין לעבען, אַזוי ווי זי האָט איהם דורכגעפֿיהרט אין פּאַרלאַמענט, וועט צייגען שוין די נעכסטע צוקונפֿט.

וייטען שטאַרק און טראָגט דעם טיטעל „די שטערקע אונד לוסטיגע פֿעהיקייט דער געווערקשאַפֿטען עסטערייכס". דאַמיט די לעזער פֿון אונזער צייטונג וועלכע עס איז נישט מעגליך דעם בעריכט גרינדליך דורך צו שטודירען ערלויבע איך מיר איינינע הויפּט ציפֿערן צו ברענגען, דאַמיט די איבען דערמאָנטע לעזער זאָלען האבען די מעגליכקייט צו זעהן ווענינסטענס אין קליינער פֿאָרם איין בילד איבער דער קראַפֿט פֿון די עסטרייכישע פֿאַך פֿעראיינען.

אין ערשטער ליניע ווייזט אונז דער בעריכט דאס די לאָקאַל פֿאַך פֿעראיינען זענען פֿון 192 אויף 121 געפֿאַלען (געזינקען). דאגעגען זענען די אָרטס גרופּען און צאהלשטעלען פֿון די צענטראַלפֿערבענדע פֿון 1623 אויף 2108 געשטיגען. די אַלגעמיינע פֿאַך און אַרבייטער בילדונגס פֿעראיינע זענען אין בעריכטס יאָהר פֿון 528 אויף 446 געזינקען און ווי דער בעריכטערשטאַטער בעמערקט, זענען די געפֿאַלענע אַלגעמיינע פֿאַך און בילדונגס פֿעראיינע „אין די אָרטס גרופּען פֿון געווערקשאַפֿטען אָמגעבילדעט האָבען" ד. ה. אַז די מיטגליערער פֿון די געפֿאַלענע פֿעראיינען האָבען איינגעטרעטען אין די צענטראַל אָרטס גרופּען. דער צווייטער פּלאַטץ וועלכער קומט זאָפֿאָרט דעם לעזער פֿאַר די אויגען איז דער צוזוואַקס פֿון די מיטגליעדער. א. צ. אים יאָהר 1903 איז די צאָהל פֿון די מיטגליעדער געווען 154.665, דאגעגען אים יאהר 1904 גרייכט די צאָהל פֿון מיטגלידער 189.121 עס זענען דאהער צו געקומען 34.456 מיטגליעדער. אים יאהר 1903 זענען נאר 19.487 מיטגליעדער צו געקימען. ד. ה. אַז אין יאָהר 1904 איז צו געקומען 25,62 פּראָצענט פֿון אָרגאַניזירטע־אַרבייטער: אין בעזאָנדערע פֿרייליכקייט גיט דער בעריכטערשטאַטער צו, דאָס צווישען דעם ווייבליכען געשלעכט קריגט אונזער אָרגאַניזאַציאָן איין אָבקלאַנג, דען אין בעריכטססעריאָדע זענען 3536 דאמען ביי־געטרעטען!

אום איין געניוען איבערבליק איבער די שטערקע און פֿאָרטשריט אין איינצעלנע פֿאַך אָרגאַניזאַציאָנען פֿון אונזערע אַזוי געגאַנטע קרוין לענדער צו בעזיטצען, גיט דער בעריכט איין אויספֿירליכע טאַבעלע אויף 26 זייטען ווי מען ערזעהט די אַנצאָהל פֿון צענטראַל פֿעראיינע, לאָקאַלפֿעראיינע, אָרטסגרופּען, די צאָל פֿון מענליכע און ווייבליכע מיטגליעדער, ווי אויך פּראָצענטפֿערהעלטניס פֿון יעדען פֿאַך. איך ברענג דאהער איינינע ציפֿערן איבער גאַליציען. לויט דעם בעריכט איז אין גאַליציען דאָ 10 לאָקאַל פֿעראיינע, 68 אָרטסגרופּען מיט 5886 מענליכע און 29 ווייבליכע מיטגליעדער.

לויט די בעשעפֿטיגטע אַרבייטער אין גאַליציען וועלכע מען „קען אָרגאַניזירען ווי דער בעריכט ווייזט איז דאָ 113·839 פֿון וועלכע עס איז פֿאָרלייפֿיג קוים 3·13 פּראָצענט אָרגאַניזירט.

# פֿון פּראָווינץ.

פּשעמישל אם 25/6.

אָם 23 יוני ד. י. האָט די געווערקשאַפֿטס־קאָמיסיאָן פֿון עסטרייך אַרויס געגעבען איין בעריכט איבער די שטערקע פֿון די געווערקשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָנען (פֿאַך פֿעראיינען) פֿון דאס יאהר 1904. דער בעריכט איז 76

---

ער האָט אויפֿסניי אָנגעהויבען צו געהן, און פֿערוואונדערונג און ענטזעצען האָבען געציטערט אין זיין שטימע, ווען ער האָט גערעדט:

— פֿאַר וואָס האָט מען אויף זיי געשאָסען, הערר?... זיי זענען דאָך געגאַנגען מיט אַ ביטטע און מיט הוילע הענד!... צו איז דאָס מיליטער יעצט צו דעם, אום זיי זאָלען אויף אונבעוואָפֿענטע ברידער און פֿאָטערס שיסען?... צו וואָס און פֿאַר וואָס האָט מען זיי דערהרגעט?... מיר קלעהרען און קלעהרען... פֿון איין טאָג צום צווייטען קלעהרען מיר וועגען דעם און יעדעס מאָל קימען מיר דערויף אַז אפשר קענען דאָס אונזערע אַלטע קעפּ ניט פֿערשטעהן... אַז דאָרט, העט ווייט אין דער מלחמה ווערען דערהרגעט, דאָס איז עפּעס אַנדערש... דאָס זענען פֿרעמדע, זיי האָבען דעם צאַר נישט געוואָלט האָרכען. אָבער דאָ זענען דאָך איינענע, לויטער איינענע!... מיין ווייב זאָגט, אַז דאָס האָט מען דורך אַ טעות געשאָסען און דערהרגעט. אמת! ביי אונז טהוט זיך אסך דורך אַ טעות אָבער מענשען דערהרג'נען, פֿערקלענערען הענד צו דער אַרבייט דורך אַ טעות, דאָס לאָזט זיך מיר ניט גלויבען...

איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגען, אָבער דער אַלטער האָט זיך גוט צערעדט; און ער האָט מיך נישט צוגעלאָזט צום וואָרט, בעווייזענדיג:

— אָדער דאָס מיין הערר... דאָרט אויף דער מלחמה האָבען זיי פֿאַפֿיערען, אויף וועלכע עס איז אויפֿגעגעבען, וואו עס איז אַ וואַסער, וואו באַרג, וואו שטאָדט, וואו דאָרף, אָדער אַ ישוב, אויב זיי זאָלען אויף געווים וויסען וואו מען דאַרף צו געהן... און עס האָט זיך מעגליך געטראָפֿען, אַז מען האָט זיי געהייסען מאַרשירען, ווייל דאָרט און דאָרט שטעהט דער שונא. זיי געהן און געהן... זיי געהן איבעריג אַרום און אַרום, ווייל מעגליך דורך אַ טעות האָבען די פּאַפּיערען שלעכט אָנגעוויזען, און דער שונא איז נישט צו זעהן... ענדליך האָט עפּעס אויפֿגעבליצט, אויפֿגעפֿינקעלט... זיי לעגען זיך אויס, מעסטען און די קוילען פֿאַלען שווישצענדיג מיט אַ האָגעל און זיי לעגען נאָך די רייהע איינע נאָך די

אַנדערע... די קרעכצען זענען דאַמאָלס געווען, הערר, מיט דורכדרינגליכקייט און מיט טייטליכע זיפֿצען פֿון גראַנידטע און שטערבענדע, און אונזערע נאָר ניט, זיי לאָדען דאָס געוועהר און שיסען. אויף איינמאָל אַ ווינד'ל אוועקטראָגענדיג די נשמות אין הימעל אַריין, האָט איבערגעריסען אויך דעם קנויל רויך און — וואָס האָבען זיי דערזעהן?... אַז ווייערע האָבען זיי ערמאָרדעט! ווייערע!.. אָבער מען דאַרף זיי נישט בעשולדיגען, הערר!... ווען עס נעהט זיך אַזוי אָפּט אין אַזאַ ר׳דעל, אַזוי פֿערמישט זיך אין קאָפּ, און אין די אויגען ווערט פֿינסטער...

ער האָט זיך אָבגעשטעלט... האָט אָבגעאָטהעמט, ווי ער וואָלט עפּעס וועלען פֿון די ברוסט אַראָב וואַרפֿען, און דערנאָך האָט ער ווייטער פֿאָרטגעזעצט:

— די זעלנער האָבען געשאָלטען אויף דער לאַנגווייליגע אַרבייט, אויף דאָס געהן אַרום און אַרום, אויף דאָס פֿערשווענדען פֿון לאַדונג, שיסענדיג אויף זייערע איינענע. באַלד איז אויך געקומען דריי וואָגענס גרויסע, הערר!... אַנדערע פּאַפּיערען, אָבער דאָ איז שלעכטע טעות'ן אַריינגעקראָכען... די וועגען זענען נישט געווען געדרעהטע, דאָס איז אמת... אָבער ווי זיי זענען געגאַנגען זוכען אָן אָרט וועלכע פּאַפּיערען זיי האָבען נאָר געוויעזען, איז ער דאָרט נאָר נישט געווען!.. אַז אויפֿסניי האָט זיך אָנגעהויבען אַ לויפֿעריי, אַ זוכעריי...

און אויפֿסניי האָט ער זיך אָבגעשטעלט.

איך האָב אויף איהם פֿערוואונדערט געקוקט, פֿון וואַנען האָט ער דאָס אַלעס געוואוסט?... אויך ער האָט אויף מיר געקוקט מיט אַ געלעכטער'ל און האָט געזאָגט:

— איהר וואונדערט אייך, הערר, אַז די אַלטע צונג מאָהלט און מאָהלט, אָפֿט נישט צו דער זאַך... אָבער וואָס זאָל מען טהוען... דאָס איז שוין אַ געוואָהנהייט פֿון דער עלטער...

— מיר געהן יעצט, הערר, צום צאַר, אום ער זאָל אונז אַרויסהעלפֿען

דולדען, אויב זי וויל זיין שטאַרק און איינינ. און אויב די סעפּאַראַטיסטען פֿערשטעהען עס ניט און שטרעקען צו אונז אויס די האַנד פֿון שלום, גריבלענדיג ווייטער אין אונזער אָרגאַניזאַציע, אַגיטירענדיג ווייטער געגען דער החלטה פֿון אונזער העכסטער אינסטאַנץ און ברעכענדיג ווייטער אונזער אָרגאַניזאַציע, איז עס פֿאַר זיי זעהר טרויריג, ווייל עס צייגט ווי ווייניג זיי זענען זעלבסט־בעוואוסט אין אָרגאַניזאַציאָנעלער הינזיכט.

כל זמן זיי וועלען אונז קריכען אין וועג און שטערען אונז אין אונזער אַרבייט צו אָרגאַניזירען פּאָליטיש און געווערקשאַפֿליך דעם גאַנצען פּראָלעטאַריאַט, וועלען מיר זיי בעקעמפֿען.

נור פֿיליכט זענען די מיטלען צו שאַרפֿע. אויף קיין פֿאַל ניט. אויב מיר טרעטען אַרויס געגען סטרייק־ברעכער אַזוי שאַרף און אָפֿטמאָל זאָגאַר מיט שטעקענס, נור דער פֿאַר ווייל זיי ברעכען די אחדות פֿון איין פֿאַך אין איין אָרט — טאָ ווי דאַרפֿען מיר שוין אַרויסטרעטען געגען מענשען, וואָס ברעכען אונזער אָרגאַניזאַציע גלייכצייטיג אין פֿיעל פֿאַכען און אין פֿיעלשטעדט, וואָס שטערען ניט נור עטליכע אַרבייטער אין זייער קאַמפֿף אום געוויסע פֿערבעסערונגען, נור וועלכע שטערען דעם גאַנצען פּראָלעטאַריאַט אין זיין קאַמפֿף מיט זיינע פֿעראייניגטע שונאים, שפּאַלטענדיג איהם אויף טהיילען.

בפּרט, אַז ניט מיר האָבען אָנגעהויבען צו בענוטצען די שאַרפֿע מיטלען, בפּרט, אַז ניט מיר האָבען אָנגעצונדען דעם פֿלאַם פֿון האַס. אַרויסטרעטען דעם ערשטען מאַי פֿון דער פּאַרטיי שטילעהייד, נעהמענדיג נאָך מיט אַ טאָג פֿריהער אַנטהייל אין אַלע פּאַרטיי פֿערזאַמלונגען; וואַרפֿען שמוטץ אויף גען. דאַשינסקי, דיאַמאַנד, האַנקיעוויטש און — וואָס איז פֿיעל גרוליכער — אויף די פֿערנאַנ־נעגהייט פֿון אונזער פּאַרטיי; קאָלפּאָרטירען אויף זייער ערשטער פֿערזאַמלונג פּאַמפּלעטען אויף אונזער פּאַרטיי מיט איהרע פֿיהרער; רייסען בפני כל אונזער „אַרבייטער צייטונג" און וואַרפֿען שמוטץ אונטער די אויגען אויף איהר רעדאַקטאָר, דאָס איז אַ טראָפּען אין ים פֿון דער אָרט און ווייזע ווי אַזוי די סעפּאַראַטיסטען האָבען זיך אין דער קורצער צייט אויפֿגעפֿיהרט.

ניט מיר האָבען דעם קאַמפֿף אָנגעהויבען און ניט מיר זענען פֿאַר איהם פֿעראַנטוואָרטליך. הערר ביערפֿאַס האָט אַלזאָ שלעכט געטראָפֿען מיט זיין מוסר. אַז דער קאַמפֿף איז אַ שאַרפֿער, אַז די פּאָלעמיק איז אַ שאַרפֿע — דאָס איז אמת, אָבער ניט מיר זענען אין דעם שולדיג, מיר בעקעמפֿען די סעפּאַראַטיס־טען, אלס שעדליכע פֿאַר די אַרבייטער בעוועגונג אַליך איינס ווי מיר בעקעמפֿען די ציוניסטען, פּו עלי־ציון און ז. וו. ניט קוקענדיג אויף דעם ווי זיי האָבען זיך „רעצידירט" צו רופֿען.

## דער קאַמפֿף מיט דעם קלעריקאַליזמוס אין פֿראַנקרייך.

אויף דער גאַנצער וועלט איז דער קלעריקאַליזמוס בכלל און דער קאַטוילישער בפרט אַ שטיצע פֿון יעדער רעאַקציע, אַן׳אַנהענגער פֿון אלטע מנהגים און דינים סיי אין עקאָנאָמישען און פּאָליטישען ווי אויך אין גייסטיגען לעבען. איבעראַל אַלזאָ וואו די פֿאָרשריטענדע עלעמענטען האָבען געשטרעבט צו פֿערענדערונגען, האָבען זיי דעם קאַמפֿף געמוזט אָנהויבען פֿון דעם קאַמפֿף מיט דעם קאַטוילישען קלעריקאַליזמוס און ווייל פֿראַנקרייך איז פֿון לאַנג אָן געוועזען די ערשטע צו קעמפֿען אום מענשליכע פֿרייהייט און רעכט איז אויך דאָרט דער קאַמפֿף מיט דעם קלעריקאַליזמוס געוועזען אַם שאַרפֿסטען געפֿיהרט. אין דער צייט פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציאָן האָט מען ביי ד קאַטוילישע גייסטליכע אַוועקגע נומען זייערע קורח׳ס אוצרות און זייערע פּריווי־ליגיען. מען האָט געמיינט, אַז דער קלעריקאַליזמוס איז שוין דאָרט איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל פֿערניכטעט. לסוף איז גענוג געוועזען עטליכע צעהנדליג יאָהר רעאַקציאָן. ער זאָל ווידער ווערען אַ מאַכט און זאָל ווידער אויפֿקלייבען מיל־יאָרדען. איצט, ווען דאָס ראַדיקאַלע מיניסטעריום איז צוגעקומען צו דער רע־גירונג, האָט עס מיט רעכט געהאַלטען פֿאַר נויטהיג אָנפֿאַנגען דעם קאַמפֿף מיט דעם קלעריקאַליזמוס, וועלכער איז שוין בפני כל (בעת ד רייפֿוסעס) פּראָצעס אַרויסגעטראָטען געגען דער רעפּובליק. נאָך אַ לאַנגען קאַמפֿף האָט אַם ענדע דער פֿראַנצויזישער פּאַרלאַמענט דעם 3־טען ד. מ. מיט דער מעהרהייט פֿון 108 שטימען אָנגענומען דעם פּראָיעקט וועגען אָבטיילען די קירכע פֿון דער מלוכה. דער־מיט איז אפילו דער פּראָיעקט נאָך נישט געוואָרען קיין געזעץ, ווייל ער דאַרף פֿריהער קריגען דעם הסכם פֿון סענאַט. אָבער עס איז אָהן אַ שום ספק, אַז דער סענאַט וועט ניט מאַכען קיין שוועריגקייטען און וועט זיך דערין אויך אַרויסזאָגען, אַזוי ווי דער פּאַרלאַמענט. דאָס קאָן נאָך געדוירען נור אַ פֿיער חדשים, און מען קאָן רעכענען אויף זיכער, אַז פֿון אָנהויב יאָהר וועט שוין דאָס נייע געזעץ איינגעפֿיהרט ווערען אין לעבען.

די דאָזיגע רעפֿאָרם שטעלט אַוועק די אמונה אין פֿראַנקרייך אויף גאַנץ נייע יסודות. די אמונה און די מלוכה ווערען גאָר צוויי פֿערשידענע זאַכען

## גענאַסען, קלויבט אויפ׳ן פּרעספֿאַנד.

# פֿעליעטאָן.

## קיין צאַרסקאַ סיעלאַ.

פֿון פּוילישען.

---

עס איז געוועזען אַ העלער, פֿראָסטיגער טאָג — די זון האָט בלענדענד גע־לאַכטען, און אויף דעם גאָר וואָס געפֿאַלענעם שנעע האָבען טויזענדער בליש־צענדע שטערנדליך געפֿינקעלט.

וועגען אַ וויכטיגען עסק האָב איך מיך געדאַרפֿט בעגעבען צו די פּוי־טילאָווער ווערקשטאַטע... און דאָס איז געוועזען אין עצעם אַ צייט נאָך די בלוטיגע פֿאַרגענגע אין פּעטערסבורג, אין דעם טאָג פֿון צוויי און צוואַנציגסטען יאַנואַר.

איך האָב געווייכט דעם טראַיצקי בריק און איך האָב מיך געלאָזט אין דעם אַרבייטער־פֿיערטעל אַריין.

אין איינע פֿון די געסלעך האָב איך בעמערקט אַ מערקווירדיגעס פּאָאַר׳ל: צוויי אַלטיטשקע, אַ מאַן און אַ פֿרוי, ביידע זענען זיי געוועזען וויים ווי די טייבלעך, ביידע ציטערנדיג, ווי אָבלאַט, געהאַלטען האָבען זיי זיך פֿאַר די הענד, דער מאַן האָט מיט דער פֿרייער האַנד אָנגעשפּאַרט דך אָן אַ שטעקען, געגאַנגען זענען זיי מיט לאַנגזאַמע שריט, זעהר אַרביטואַם, וועניג דך פֿאָרווערטס ריקענד.

איך האָב זיך אָבגעשטעלט, ווייל דאָס רחמנות האָט מיך איבערגענומען קוק־ענדיג אויף די צוויי אַלטיטשקעס צווישען פֿראָסט, קעלט... אָהן אַ שוך. און זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט — איך ווייס ניט, צו טרעפֿענדיג מיך, צו זיי האָבען אויך געוואָלט זיך אָבריהען.

— וואָס האָט זיי דאָס אַרויסגעיאָגט פֿון דער שטוב אין פֿון דעם וואַרע־מען אויבען אין דיעזע קעלט?... איך האָב זיי צוגעטראָפֿען.

— אַ... הערר!... קיין וואַרעמען אויווען האָבען מיר נישט אין וואָס צו עסען האָבען מיר ניט... און צו פֿערדינען זיך קענען מיר ניט, מיר זענען דאָך אַ זעלבע אַלטע...

— וואָס הייסט?!... איהר האָט קיינעם ניט, וואָס זאָל אויף אייך אַר־בייטען?...

אָך, מיר האָבען ניט, הערר, מיר האָבען ניט... דערנאָך האָט ער טרויריג צוגעגעבען: מיר האָבען געהאַט — אָבער מיר האָבען אַלע אָבגעגעבען דעם צאַר.

לייכט געהענדיג, האָט ער געזאָגט מיט אַ אָבגעריסענע שטימע:

— צוויי זענען געגאַנגען אין די ווייטע מלחמה אַריין און — זיי וועלען גע־ווים נישט צוריק קעהרען... דער יונגסטער, אַ גוט קינד, ער האָט אָן אונז זעהר געדענקט... און דער איירעם האָט געאַרבייט אין ווערקשטעלען, די טאָכטער האָט נישט געאַרבייט, ווייל זי האָט געמוזט אונז אויך דאָס קינד אָבהיטען... און האָטש מיר זענען געווען זאלבע פֿינף, האָבען מיר פֿון זייערע פֿערדינסטען קוים געקענט אַ דורכלעבען. אויף גאָר עפּעס אַנדערש האָט ניט געסטאַיעט... אַ גראָשע אויף דעם שוואַרצען טאָג, האָט מען נישט געקענט אָבשפּאָרען... עס איז נישט קיי ווינדער, וואָס און יענעם זונטאָג — דער הערר ווייסט שוין אין וועלכען?... זי זענען געגאַנגען צום צאַר בעטען, אום ער זאָל בעפֿעהלען אויף אַ העכערען פֿערדינסט...

ער האָט זיך אָבגעשטעלט אין האָט אויף מיר געקוקט, זאָגענדיג:

— און זיי האָבען נישט צוריק געקעהרט, הערר... ביז יעצט זענען זיי נאָך נישטאָ... און ביי אונז איז נויט... און מיר ווייסען גאָר נישט וואָס עס האָט זיי פּאַסירט...

די דייטשע סאָציאַליסטען; גענ. זשאָרעס איז אַזוי פּאָפּוליער. אַרויסטרעטען געגען איהם ברוטאַל — פּאַסט ניט. עס האָט זיך אָבער געפונען אַ ראַטה; דער דייטשער קאָזאַק האָט אַנגעצויגען האַנד־שוהע, איז געוואָרען פון אויסענווייניג אַ עלעגאַנט. אין אַ ספּעציעלען בריעף צו דעם דייטש'ען אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז שרייבט בילאָוו קאָמפּלימענטען פאַר זשאָרעס'ען, בעטענדיג איהם אָבער גלייכצייטיג, ער זאָל ניט קומען קיין בערלין.

די דייטשע סאָציאַליסטען האָבען גאָר ניט פערלוירען, פאַרקעהרט דאָס איז געווען אַ גוטע אַגיטאַציע פאַר זיי. דערפאַר אָבער האָט די גאַנצע אייראָפּעאישע פּרעסע געלאַכט אין די הויפּענס. עס איז לייכט צו טרעפען, אַז זי האָט געלאַכט פון בילאָוו'ען.

## דעמאָנסטראַציעס אין לעמבערג.

לאַנג, לאַנג האָבען די אַרבייטער רוהיג זיך צוגעקוקט, ווי די בורזשואַזע פּרעסע איז אַנגעפאַלען אויף דעם קעמפּפענדען פּראָלעטאַריאַט אין רוסיש־פּוילען, שימפּפענדיג איהם און זיינע שטרעבונגען. הויפּטזעכליך האָט זיך אויסגעצייכענט די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע צייטונג „Słowo Polskie“, אַ געוועזענע פאָרשריטענדע צייטינג, וועלכע האָט, ווי געוועהנליך אַ רענעגאַט, נאָך אַריבערגעיאָגט די אַלטע קאָנסערוואַטיווע צייטונגען. מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק האָט די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי גענומען בענוטצען די זעלבע מיטלען, וואָס די רוסישע רעגירונג נוטצט אין טיעף רוסלאַנד: „שוואַרצע הברה“ און אַגיטאַציאָן צו פּאָגראָמען. די לעמבערגער צייטונג פון דיזער פּאַרטיי האָט זעהר געלויבט די מיטלען. די מאָס פון געדולד איז איבערגעפּולט געוואָרען, עס האָבען זיך אַלזאָ אָנגעפאַנגען דעמאָנסטראַציעס געגען דער צייטונג, און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די פּאָליציי היט די רעדאַקציע מיט איהר קאַנטאָר, איז די דעמאָנסטראַנטען געלונגען אויסברעכען אַלע שויבען אין דער רעדאַקציע און קאַנטאָר. ביי דער געלעגענהייט האָבען זיך די יודישע אַרבייטער דערמאָהנט, אַז עס איז דאָ אין לעמבערג נאָך אַ צייטונג, וועלכע פאַלט אָן אויף די אַרבייטער בעוועגונג אין יודיש, ווי האָבען זיך אַ לאָז געטהון אין די רעדאַקציע און האָבען דאָרט אויסגעבראָכען אַלע שויבען. אַז דער ציוניסטישער „טאַגבלאַט“ וועט איצט בילען — וועט ער ווייניגסטענס שוין האָבען אַ אורזאַכע.

## די סעפּאַראַטיסטען ווייזען וואָס זיי קענען.

מיר ערהאַלטען דעם פאָלגענדען בריעף: „שבת דעם 8 ד. מ. האָט שטאַטגעפונען אַ פערזאַמלונג פון בלעכער אַרבייטער אין „סעפּעראַטיסטישען פעראיין“. אויף די פערזאַמלונג איז ספּעציעל גערעדט געוואָרען, וועגען די נאָטיץ, וואָס וואַר אָבגעדרוקט אין דעם פאַריגען נומער „יודישע אַרבייטער צייטונג“. אָבוואָהל די סעפּערטיסטען האָבען ניט געוויסט וועך עס האָט דאָס געשריבען, האָבען זיי אָנגעהויבען וואַרפען שמוץ ספּעציעל אויף אַ גענאָסע, מיט גאַנץ לומפּיגע אויסדריקע, וועלכע עס וואָלט נאָר געפּאַסט פאַר אַ באַנדע גאַסען יונגען, ווי אויך שמוצענדיג אונזער אָרגאַניזאַציאָן און די גאַנצע פּאַרטיי.

אונזערס אַ גענאָסע, וועלכער האָט זיך גראָד געפונען דאָרט אין דיעזער צייט האָט געבעטען דאָס וואָרט און האָט נאָר אָנגעהויבען צו דערווייזען, אַז זיי האָבען דאָס רעכט ניט צו בעשמוצען אַ גענאָסע, וועלכער איז ניט אין זייער געגענוואַרט און אויך זייערע פאַלשע בעציהונגען צו דער פּאַרטיי. די סעפּעראַטיסטען האָט דאָס ניט געשמעקט, אַז מען זאָל זיי זאָגען דעם אמת אין די אויגען און זיי האָבען איהם אַוועק גענומען דאָס וואָרט מיט פיעל ליאַרמען. אונזער גענאָסע האָט נעגען אַזאַ פערכהייט פּראָטעסטירט, נאָר זיי האָבען זיך ניט געלאָזט בעניגען נאָך מיט דעם און האָבען איהם אָנגערופען „שפּיצעל! דו ביזט געשיקט פון דער פּ. פּ. ס. דאָ צו שפּיאָנירען“ איינער אַ געוויסער הערר „געמיינער“ האָט זאָגאַר געסטראַשעט, אַז ווען ער וועט ניט דעם פּיסק פערמאַכען וועט ער שלעכט אָבשניידען... אונזער גענאָסע זעהענדיג, אַז דאָס איז אַ לומפּען באַנדע, האָט ער פערלאָזען דעם לאָקאַל“. מ. פּראָקאָפּ.

ווי מיר זענען געוואָהר געוואָרען, איז דער גענאָסע גיט לאַנג געקימען צופאָהרען און האָט נאָך זאָגאַר ניט געוואוסט, אַז דאָ איז דאָ אַ שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי. ווען ער וואָלט וויסען, וואָלט ער אַהין ניט געהן, אַזוי ווי עס געהן ניט די אַלע אַנדערע גענאָסען, וואָס זענען געבליבען אין דער פּאַרטיי.

וואָס אַנבעלאַנגט די אורזאַכע פון זייער כעס: די נאָטיצען אין דער „יוד. אַר. צייטונג“, האָבען מיר פאָראויס געוואוסט, אַז דאָס וועט זיי פערדריסען און טאַקע דעריבער האָבען מיר זיי געשריבען. און מיר קענען זיי נור צוזאָגען, אַז מיר וועלען אויך לעתיד אויסנוטצען יעדע זייער דעמאַגאָגיע, ווייל מיר האָבען בדעה זיי—ווי ביזהער— צו בעקעמפּפען.

## דער סעפּאַראַטיסטישער קלעריקאַליזמוס.

מיר גיבען דאָ אַ פאַקט און מיר וועלען ווייטער מוזען שטעלען ערות, ווייל מיר פערשטעהען, אַז קיינעם וואָלט זיך אַהן דעם ניט וועלען גלויבען, אַז דאָס זאָל קענען פּאַסירען. שבת, דעם 8־טען ד. מ. איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין בעקער־פעראיין אַ פערזאַמלונג, אויף וועלכער עס איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס צווישען דעם סעפּאַראַטיסט מייזעלס, וועלכער אַרבייט שוין אין דער פּאַרטיי אַ „גאַנצען“ יאָהר מיט דעם גענ. גראָס. עס איז געוואָרען אַ געטומעל און דער רעפערענט האָט געמוזט אויפהערען רעדען. גענ. גראָס האָט פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס. איינער אַנ'אַרבייטער האָט בעמערקט, אַז מען טאָר דאָ ניט רויכען. גענ. גראָס האָט איהם געענטפערט, אַז אויב וואו, איז אין אַ סאָץ. פעראיין מעג יעדער האַגדלען לויט זיין געוויסען. דערמיט וואָלט זיך די אַפּערא געענדיגט. האָט אָבער מייזעלס דערזעהען אין דעם אַ גוטען דעמאַגאָגישען אַגיטאַציאָנס־מיטעל. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ שטוהל און האָט מיט אַלע כחות אויסגעשריען: מען טאָר ניט מחלל זיין אונזערע היילינע רעליגיעזע געפיהלען: רייכערען אַ פּאַפּיראָס אין שבת אין אַ יודישען פעראיין איז אַלעס איינס ווי רייסען היילינע בילדער פאַר דער קירכע“. עס איז געוואָרען אַ מהומה און עס איז שיעור ניט געקומען צו קיין געשלעג. דערביי זענען געווען גענ. סערקאָווסקי. יאַראָשעווסקי, מיכלזאָהן און אַנדערע.

אַזוי־ערנאָך ווייל דער „סאָציאַליסט“ מייזעלס, אַז דער יודישער גלויבען זאָל הערשען אין יודישען פעראיין אַזוי ווי דער קאַטוילישער גלויבען הערשט נאָך, ליידער, ניט נור פאַר דער קירכע.

## נעשה ראש ונשובה מצרימה.

אַ גרויסען קלאַפּאַט האָבען אונזערע ציוניסטען. שוין מעהר ווי אַ יאָהר זייט דער „גרויסער פיהרער“ איז געשטאָרבען און זיי האָבען נאָך אַלץ קיין נייעם פיהרער ניט אויסגעזוכט. ניט לאַנג האָבען די ציוניסטישע צייטונגען מיט פרייד געשריבען, אַז דר. נורדוי איז בעשטאַנען צו זיין דער באַראָן, וואָס דאַרף פיהרען (אייגענטליך דרעהען אין אַ רעדעל) די ציוניסטישע שעפּסען. יעצט האָט ער זיך אָבגעזאָגט. מיר וואָלטען זיי ראַטהען אַנאָנסירען אין דער „נייע פרייע פּרעססע“. זי האָט אַסך יודישע לעזער. און אפשר וועט גאָר געהן אַ צווייטער איהר רעדאַקטאָר? אַז מיר וועלען לעבען, וועלען מיר זעהען.

---

# די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אין רוסלאַנד און אין רוסיש־פּוילען.

## די אונרוהען אין קאַווקאַז.

דעם 6־טען ד. מ. האָט מען אין טיפליס אין מיטען שטאָדט, אויף דעם סאָלדאַטישען מאַרק, געוואָרפען אַ באָמבע אין אַ פּאַטרול קאָזאַקען. איין קאָזאַק איז דע'הרג'עט, אַ צווייטער איז פערוואונדעט. דעם 7־טען איז דורך אַ באָמבע פערוואונדעט געוואָרען דער פּריסטאַוו פון דער ־טער אָבטהיילונג גלעבאָוו. צוזאַמען מיט איהם זענען פערוואונדעט אַ פּאָליציאַנט און צוויי פערביינעהער. דעם 8־טען האָט מען געוואָרפען באָמבעס נאָך אין 2 ערטער: אויף פּעטרקאָווסקער גאַס — אין אַ פּאַטרול קאָזאַקען און אויף דעם נאַלאָווינסקען פּראָספּעקט. קיין אומגליקען מיט מענשען זענען נישט געווען.

— אין קאַנטורי (טיפליסער גוב.) האָבען די טאַטערן אַוועקגערויבט די הייזליכע בהמות פון די אַרמענער. די אַרמענער האָבען זיך צונויפגעקליבען, אָנגעפאַלען אויף די טאַטערן און אָבגענומען זייערע בהמות צוריק. איין אַרמענער איז דערביי פערוואונדעט געוואָרען. די אַרמענער האָבען אַוועקגעפיהרט דעם פערוואונדעטען אויף אַ שיפעל קיין אַשטאַראַק. די טאַטערן האָבען פערהאַסט דאָס שיפעל, אַוועקגעפיהרט עס קיין אושי און דאָרטען פערברענט דאָס שיפעל מיט דעם פערוואונדעטען אַרמענער אינאיינעם. אויף מאָרגען האָבען די אַרמענער חרוב געמאַכט אושי.

## אַ זעלבסט־געריכט פון המון.

אין „ראַזסוועט“ איז אָבגעדרוקט פאָלגענדעס: „דעם 17־טען יוני אויף דער סטאַנציע „קורסק־מאָסקאַיאַ“: אויף דער ליניע מאָסקווע־קיעוו־וואָראָנעזשער אייזענבאַהן איז געשטאַנען אַ צוג. אין 2 וואַגאָנעס פון דעם צוג האָבען זיך געפונען 100 מאַן סאָלדאַטען פון דער 17־טער בערג־באַטאַריע, וועלכע בעוואָפענט זיך איצט אין קיעוו און פון דאָרטען וועט זי געשיקט ווערען אין ווייטען מזרח. אין קורסק האָט דער צוג בעדאַרפט שטעהן 3 שעה. די סאָלדאַטען איז געווען זעהר ענג אין די 2 וואַגאָנעס און דערום האָבען זיי געשיקט איין סאָלדאַט צו דעם אָפיציר ניחאַלאָוו, וואָס איז מיט זיי מיטגעפאָהרען, אַז מען זאָל זיי געבען אַ דריטען וואַגאָן. דער אָפיציר האָט דעם סאָלדאַט אויסגעזידעלט און אַרויסגעוואָרפען פון זיין וואַגאָן. דער סאָלדאַט, וועלכער איז געווען אַ ביסעל שיכור'לעך, האָט געענטפערט דעם אָפיציר מיט גרויס עזות'קייט. דער אָפיציר איז אַריין אין אַ וואַגאָן פון די סאָלדאַטען און האָט געהייסען בינדען דעם סאָלדאַט, וואָס איז געגען איהם גראָב געווען. אָבער קיינער פון די סאָלדאַטען האָט זיך נוט גערירט פון אָרט און ניט ערפילט דעם בעפעהל. דער אָפיציר איז אַריינגעלויפען אין זיין וואַגאָן, געבראַכט פון דאָרטען אַ שטריק און האָט ווידער געהייסען בינדען דעם סאָלדאַט. אָבער דאָס מאָל איז זיין בעפעהל אויך ניט ערפילט געוואָרען. דער אָפיציר איז אַריינגעשפרונגען אין וואַגאָן און אַרויסגעשטופּט פון דאָרטען 2 סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געבונדען דעם העזה'ניק.

דער געבונדענער סאָלדאַט האָט אַ זאָג געטהון צו דעם אָפיציר: „די הענד האָסט דו מיר געבונדען, אָבער דאָס מויל וועסט דו מיר ניט פערבינדען“ אין האָט דעם אָפיציר אויסגעזידעלט מיט די גרעבסטע ווערטער. דער אָפיציר האָט אַרויסגעכאַפּט זיין שווערד און האָט דער'הרג'עט דעם סאָלדאַט.

גראָד האָבען זיך דעמאָלט געפונען אויפ'ן וואָקזאַל פיעל אַרבייטער

נאָך דעם מיטגליעדער שטאנד האָבען מיר איין נאָכווייז איבער די איינגאהמען ווי אויך איבער די אויסגאבען, וועלכע ווערען דעטאַלירט (געטיילט) אויף פערשיעדענע פּאָזיציאָנען ווי: רייזע אונטערשטיצונג, ארבייטסלאָזע גויט־פאל א. ד. ג. די געזאמט איינגאהמע פֿון אלע פֿערבענדע גרייכען ביז 3,400.000 קראָנען. די אויסגאבען בעטרעגען 3.000.000 קראָנען. פֿיר אונטערשטיצונגס צוועקע אליין האָבען די פֿערבענדע 1.410.000 אויס־געצאָהלט ד. ה. 47 פּראָצענט פֿון דער גאנצער איינגאהמע. דאָס פער־מעגען בעשטאנד פֿון אלע פֿערבענדע האָט שוין דער גרייכט איין סומע פֿון 4.410.619.35 קראָנען. פֿון די איינינע טריקענע ציפֿע׳ן קענען מיר ארויס־זעהן ווי שטארק און ניטצליך די פֿאך פֿערבענדע זענען פֿיר די ארבייטער ווען אים יאָהר 1904 האָבען די גויט בעדערפֿטינע ארבייטער נאָר איין אונטערשטיצונג באלד $1^1/_2$ מיליאָן קראָנען אויסגענומען: דאָ מוז איך נאָך בעמערקען דאָס דער שטרייק אונטערשטיצונג איז דאָ נישט איינגערעכענט.

ווען די ארבייטער זאָלען נוט בעטראכטען און נאָך שטודירען דעם בעריכט וועלכער איז מיט טריקענע ציפֿערן געדריקט, ווען זיי זאָלען בעמער־קען וואָס פֿיר איין געוואלדינע מאכט די פֿאך פֿערבענדע זענען פֿיר דער ארבייטער קלאסע; וואָס זיי האָבען שוין ביז היינט גאָר געברענגט דורך די פֿערשיעדענע שטרייקען און בויקאָטען; וואָס די פֿעריבענרע קענען נאָך דעם ארבייטער העלפֿען, און ווענינסטענס נישט צו לאָזען ער זאל נאָך מיט זיין לאָהן און ארבייטסצייט נידריגער פאלען, דאמאלס וואָלטען זיי זיכער א ביסעל וויינגער דיסקוטירט ווער עס האָט איין פאטענט אויף דעם סאָציאליזמוס. זיי וואָלטען א ביסעל נאָך געלאָזט די אלע זאכען וועלכע ברענגען צו איין צושטערונג נישט צווישען קיינעם נאָר צווישען די ארבייטער אליין און אלע זיך גענומען צור אויפגאבע, ווייל ווען מיר ווילען ווירקליך פֿיר דער מאסע בעסערע צושטענדע שאפֿען, ווען מיר ווילען ווירקליך דעם ארבייטער אויף איין העכערע שטופֿע זעהען מוזען מיר און דאָס איז אויך דאצו פפֿליכט אין ערשטער רייהע דעם ארבייטער געווערקשאפֿטליך צו אָרגאניזירען.

און איצט איינינע וואָרטען אָן די ארבייטער אלער בראַנזען.

געעהרטע חברים! די ציפֿערן וועלכע ליגען דאָ פֿאר אייך זענען די בעסטע אַרגאָמענטע אויב די פֿאך אָרגאניזאציאָן לייסטעט איהרע פפֿליכטען די מיטגליעדער וועלכע געהערען אָן. און אויב מיר דארפֿען צו דיזעלבע איינטרעטען; דאהער בעזייטינט אלעס אנדערע און אייף יערען טריט טראכטעט אייערע מיטארבייטער אין דער פֿאך פֿעראיין צו געווינען. און דאן וועלען מיר נישט דארפֿען זוכען פֿערשיעדענע מיטלען גאליציען צו פֿער־טהיידינען וואָס עס זענען קוים דריי פּראָצענט פֿון דער געזאמטער מאסע אָרגאניזירט.

י. זיענמאן.

# די קריעג צווישען יאפאן און רוסלאנד.

## דאס ערשטע רוסישע טעריטאריום פערנומען.

אין די זעלבע צייטונגען, וועלכע בעריכטען, אז די בוררים פֿון יאפאן און רוסלאנד זענען שוין ארויסגעפֿאהרען קיין וואשינגטאן לעזען מיר, אז יאפאן האט ענדליך פֿערנומען דעם אינזעל סאחאלין. און די ביידע ירידעות זענען אבהענגינ איינע פֿון דער אנדערע. רוסלאנד האט זיך געגרייט צום שלום ניט אלס בעזיעגטע, ווייל, „קיין טריט רוסישען טעריטאריום איז נאָך ניט געווען אין שונא׳ס האנד״. נאטירליך איז עס געווען לעכערליך נאָך די אלע מפלות אויף דעם מעער און לאנד, אבער אין דיפלאמאטיע האבען אפֿט־מאל א גרעסערע בעדייטונג פוסטע ווערטער און פֿארמען, ווי פֿאקטען. איצט האט שוין רוסלאנד דעם אויסרייד אויך ניט. נאר א סך וויכטיגער איז עס פֿאר יאפאן, וועלכע האט מיט א מאל אבגעוואונען א פראווינץ, גרעסער פֿון גאנץ גאליציען. סאחאלין האט א מאל געהערט צו יאפאן; רוסלאנד האט דעם אינזעל אוועקגענומען ביי יאפאן מיט פֿינפֿציג יאהר צוריק. דאס האט אלזא פֿאר יאפאן א דאפעלטע בעדייטונג.

# כראניק.

## א קאזאק אין פראק.

די מאָראָקאנישע פֿראגע האט זיך די לעצטע צייט פֿערוויקעלט און חאָט גע־דראהט מיט א פרייסיש־פֿראנצויזישע מלחמה. די סאָציאליסטען פֿון די ביירע לענדער האבען זיך געלעגט אין דער לענג און אין דער ברייט ניט צו־לאָזען צו אזא אומגליק. אָס ענדע איז עס געלונגען, די ביידע רעגירונגען חאבען זיך שוין אויסגעגלייכט. דעם פֿאקט, אז דעם פראלעטאריאט איז דאס ערשטע מאל געלונגען אבהאלטען אזעלכע צוויי ריעזינע מיליטערישע מעכטע פֿון א קריעג חאבען די דייטשע סאציאליסטען געוואָלט ארומרעדען אויף א פֿערזאמלונג, אויף וועלכע זיי האבען פֿערבעטען דעם וועלט־בעריהמ־טען גענ. זשארעס, דעם פֿיהרער פֿון דער פֿראנצויזישער סאציאליסטישער פארטיי. דאָס האָט דער דייטשער פארטיי זעהר נישט געשמעקט. ווען עס וואלט פאסירט מיט א יאהר צוריק און עס וואלט זיך געהאנדעלט אום אימיצען אנדערש וואלט די דייטשע רעגי־רונג זיך בעגעהן ווי איהר שטייגער איז, ברוטאל און גראָב, ניט ערגער פֿאר דער צא־רישער רעגירונג. דאָ זיינען אבער געווען צוויי שוויעריגקייטען. ערשטענס, אין רוסלאנד ברענט דער פֿייער פֿון דער רעוואָלוציע, די פֿערשוועערונג פֿערשפרייט זיך צווישען מיליטער און מארינע לייט און גראָבט אונטער מיט׳ן וואָרצעל דעם מיליטאריזמוס. און דאָס טוהען אלץ סאָציאליסטען. די דייטשע רעגירונג האָט דעריבער בעקומען א ביסעל אנגסט פֿאר די סאָציאליסטען. צווייטענס, דאָ האנדעלט זיך אום גענ. זשארעס, וועמען דער דייטשער קאנצלער בילאָוו האָט געלויבט אין פארלאמענט, געגענשטעלענדיג איהם

דאָס ער זאָל חאטש עפּעס געבען, אז מיר זאָלען פֿון הונגער און קעלט נישט אויסשטארבען.

וואָס דענקט איהר!... מען וועט אייך ניט צולאָזען צום צאר! — האָב איך געזאָגט.

דער אלטער האָט זיך אויפֿגעבראכט.

— וואָס הייסט: נישט צולאָזען! זיי וועלען צולאזען, הערר!... דער צאָר איז א גוטער!...

און ער האָט נאָך צערייצט צוגעגעבען:

— צו האָט איהר, הערר, שוין ווען געהערט, אז א גוטער מענש זאָל אוועק־שטופען פֿון זיינע טויערן א אונגליקליכען, א הונגעריגען און אזא אלטען אָרעמאן ווי איך — ווי זי?!... איבריגענס יעצט איז גריננער אנצוקומען צום צאָר... דער סטאָיקאָווע...

ער האָט זיך אווילע פֿערטראכט און דערנאָך האָט ער צוגעגעבען:

— איך האָב פֿערגעסען, ווי ער הייסט... אונזערם א ווייטער קרוב, איז געווען ביים צאָר די טעג... ער האָט איהם געזעהן, האָט געגעסען מיטאָג ביי איהם, מען האָט זיי וואָגאר געברענגט צו פֿיהרען און אויך צוריק געפֿיהרט — ווייל זיי זענען געווען אסך, הערר — אין גאָלדענע קארעטען!... מיר אכטען דאָרט גאָר נישט ווענען קארעטען, ווייל אמענש וואָלט צומאל ניט וויסען, ווי אין זיי צו זיצען אין די סמאטע און ער האָט אנגעוויזען אויף זיינע און אויף דיין בענלייטעריג׳ס קליידער — און דערנאָך זענען זיי אזוי הויך, אז עס איז שווער דאָרט זיך צו בעקומען. עס וואָלט געווען מעהר בעמיהונג, ווי פֿערגעניגען פֿון אזא רייזע... איבער דעם וועלען מיר געהן אויף אונזערע אלטע פֿיס, וועלבע וועלען אונז געווים דערטראָגען...

— און איהר ווייסט, ווי ווייט דאָס איז?...

— ניש קשה, הערר, עס וועט זיך דערנעהן, מען וועט דערנעהן!... איך האָב אווילע נאָכגערעכנט.

— ווען איהר ווילט נישט קיין קארעטען, אזוי וואָלט איהר מעגליך מיט׳ן באהן געפֿאהרען, אין דאָס איבריגע שטיקעל וועג ביז צארסקא סיעלאָ וועט איהר צו פֿיס צוגעהן. דאָ האָט איהר געלד אויף בילעטען און איך האָב זיי געגעבען צעהן רובעל, בעטראכטענדיג די נישט איינגעגעבענע נסיעה, אין וועלכע זיי האָבען זיך מיט א זא לייכטזיניגקייט געווענדעט.

זיי האָבען זיך געפֿרייט און האָבען הערצליך געדאנקט.

דערנאָך האָט דער אלטער, וועלכער האט אין א אָפֿענע האנד געהאלטען דאָס געלד, געפֿרעגט ויין בעגלייטערין:

— און... און מעגליך עס איז דיר קאלט...

— ווי דען נישט!... קאלט, זעהר קאלט... האט זי געענטפֿערט.

— אפשר וואָלט מען געקענט... און ער האָט אָבגעריסען אָבער ער האָט פֿלינק צו געגעבען:

— אפשר וואָלט מען צוריק אהיים געקעהרט, ווייל מיר איז קאלט און — הינגעריג. מיט דעם, וואָס מיר האָבען דאָ און ער האָט געוויזען דאָס בעקומענע געלד — וועט אונז זיין לאנג ווארם און נישט הינגעריג, און דאָרט — ווייענדיג אויף די וויש, ווי ווייט זיין מיינונג נאָך איז צארסקא סיעלאָ געלעגען — עס קאָ מעגליך זיין, אז מען וואָלט אינו דענאָך נישט צו געלאָזט צום צאָר...

זיי האָבען נאָך איינמאל געדאנקט און זיי האָבען זיך אויסגעדרעהט, דרעפּ־טשענדיג אין דער זעלבער זייט פֿון וועלבע זיי זענען געקומען.

מ. פּראָקאָפּ.



פֿון דעם אייזענבאהן־דעפּאָ, ווייל עס איז געווען א הנאַ־טאג. דער המון האָט זיך באלד אַ וואָרף געטהון אויפ׳ן אָפֿיציר, אָבער ער איז, פֿאָבענדיג מיט דעם שווערד אַ־יינגעלאפֿען אין זיין וואגאָן, ערשטער קלאַס. און האָט זיך דארטען פֿערשלאָסען. אין זיין וואגאן האָבען אָנגעהויבען צו פֿליהען שטיינער; מען האט באלד געבראַכט שפּאַלען און פֿערש־ערענע שלאָסער־געציינג און דער המון האט זיך גענומען ברעכען דעם וואגאן. דער קאָמענדאַנט פֿון וואקזאַל, פֿירסט באַנראטיאָן־מוחראַנסקי, האט געהייסען דעם אפֿיציר ארויסגעהן פֿון וואנאן, אבער ער האט געענטפֿערט מיט סטראַשונקעס. דער המון האט זיך געפּריבט איבערקעהרען דעם וואגאן. מען האט איהם אויפֿגעהויבען, אָבער איבערקעהרען האט מען ניט געקאָנט.

דערווייל איז דער המון געוואָהר געווארען, אַז אין דעם וואגאן געפֿינען זיך אויך דאס ווייב און א קינד פֿון דעם אפֿיציר. מען האט איהר באַלד פֿאָרגעלעגט זי זאל ארויסגעהן. זי האט געפֿאָלגט, און ארויסגעגאנגען מיט׳ן קינד. מען האט איהר גאַנץ פֿריעדליך אוועקגעפֿיהרט אויפ׳ן וואקזאַל. דערנאך איז אריין אין וואַגאן א געהילף פֿ׳ן מאַשיניסט און האט איהם פֿאַ־געלעגט ער זאל אַרויסגעהן פֿ׳ן וואַגאן. דער אפֿיציר, וועלכער איז געלעגען בעהאַלטען אונטער אַ סאפֿע, האט געשאסען פֿ׳ן זיין רעוואלווער און חאט פֿערוואונדעט דעם מאשיניסט־געהילף אין ביידע פֿ׳ס; דורך איין שוס איז פֿערוואונדעט אַ זייטיגער מענש אין אַ האנד. דער המון איז דערפֿ׳ן נאך מעהר צוהיצט געווארען. מען האט באלד דעם וואגאן אבגעטשעפעט פֿון צוג און אבגעפֿיהרט אן אַ זייט. דערנאך האט מען געבראַכט פֿון לאקאָמאטיוו גאַנצע עמער און קריג מיט נאַפֿט און אַריינגעגאסען אין וואַגאן. אַז דער גאנצער וואגאן איז שוין געווען פֿערגאסען מיט נאַפֿט, האט מען גענומען דעם אפֿיציר׳ס שינעל (אַנטלויפֿענדיג פֿון המון האט ער איהם אַראָבגעוואָרפֿען אויף דער פּלאַטפֿארמע). איינגעטונקט איהם אין נאַפֿט, אָנגעצונדען און אריינגעווארפֿען אין וואגאן. עס האט באלד אויסגעבראכען אַ העליש פֿייער און צייט איינינע מינוטען איז פֿ׳ן וואגאן געבליבען נאר דאס אייזען. מיט געשרייען „אורא״ האט דער המון ארויסגעשלעפּט פֿון די קיהלען דעם פֿערברענטען קערפּער פֿון אפֿיציר, און מען האט זיך בענאַנגען מיט זיין קערפּער אויפ׳ן שענדליכסטען אופן.

דעם קערפּער פֿון דעם דער־הרג׳עטען סאלדאַט האט דער המון אוועקגעטראגען אויף די הענד אין צערקווע און האט געצוואונגען די גייסטליכע אבצוהאלטען נאך איהם א פּאניחידע. נאך דעם דער־הרג׳עטען סאלדאט איז געבליבען א ווייב מיט 5 קינדער.

פֿין קורסק זענען באלד געקומען 2 עסקאדרן דראַגינער, 2 ראטעס סאלדאטען, דער גובערנאַטאר, דער פּאליציימײסטער און נאך בעאמטע, אבער דער המון איז זיך שוין געוועזן צוגאנגען.

די סאלדאטען פֿין דער באטאַרייע האבען זיך ניט בעטיילינט אין דעם זעלבסט־געריכט פֿון המון, אבער זיי האבען אויך ניט געשטערט דעם המון״.

### פּרייסען וויל פֿארנעהמען קרוין־פּוילען.

— אין „טאָרג. פּראַמ. גאַזעטאַ״ איז אָבגעדרוקט די פּאַלגענדע ידיעה פֿון וואַרשוי: שוין אַ געוויסע צייט האַלט זיך אַ פֿעסטער קלאַנג, אַז דייטשעס מיליטער האָט כלומרשט בדעה צו פֿערנעהמען אַ טייל פֿין פּוילען, ביז דעם טייך ווייקסעל, און צו דער לענג פֿון אַט דעם טייך וועט פֿעסטגעשטעלט ווערן די נייע גרעניץ פֿון דייטשלאַנד.

מען האָט שוין אפֿילו געשמועסט, אַז די רעגירונג האָט בדעה אַריבערצופֿיהרען די וואַרשויער אָבטיילונג פֿון דער רייכס־באַנק קיין בריסק.

דער קלאַנג איז נאָך פֿערשטארקט געוואָרען דורכדעם, וואָס איינינע פֿון די היגע רעגירונגס־אנשטאַלטען זענען אָנגעפֿרעגט געוואָרען: וואו די וואַרשויער בעאַמטע האָבען בדעה אָבצושיקען זייערע הויזגעזינדען אין פֿאַל, אויב וואַרשוי וועט בעלענערט ווערען, אַזעלכע אָנפֿ־אנעס ווערען געמאכט שטענדיג, אין געוויסע צייטען, בכדי צו וויסען וויפֿיעל מען בעדאַרף צונרייטען־פֿראָ־שפּייזדוקטען, אויפ׳ן פֿאַל, אויב וואַרשוי וועט בעלענערט ווערן.

דאָסמאָל זענען די אָנפֿ־אנעס געמאכט געוואָרען אין דער צייט, ווען אין פּוילען הערשט אַ שטאַרקע צורודערונג און מחמת דעם האָט דערינען געגלויבט די גאַנצע בעפֿעלקערונג, וועלכע איז זעהר פֿיינדליך געגען די דייטשען און בעזונדערס געגען פּרייסען.

אַ פּלא איז, בעמערקט „טאָרג. פּראַמ. גאַז.״, וואָס קיין איין דאָרטיגע צייטונג האָט ניט אָבגעלייקענט אַט די נארישע קלאַנגען.

### „פּאַטיאָמקין״ האט זיך אונטערגעגעבען.

ווי עס איז געווען פֿאָראויסצוזעהען האָט זיך „פּאָטעמקין״ ניט געקענט לאַנג האַלטען, ווייל איהם האָבען געפֿעהלט קויהלען און אַמוניציע, ער איז געקומען קיין טהעאָדאָזיע, די איינוואָהנער פֿון שטאָדט האָבען איהם געוואָלט צושטעלען די פּערלאַנגטע זאַכען, אבער דאָס מיליטער און קאָזאַקען האָבען זיי אין דעם געשטערט. באָמבארדירען און שאָדען אונשולדיגע מענשען האָט דער רויטער „פּאָטעמקין״ ניט געוואָלט. ער האָט זיך דעריבער אינטערגעגעבען אין רומעניען אויף פֿיעל בעסערע בעדינגונגען, ווי די רוסישע שיפֿען האָבען זיך אונטערגעגעבען יאַפּאַן.

### דער מאסקווער שטאדט־הויפּטמאַן געטוידטעט.

דער מאָסקווער שטאַרט־הויפּטמאַן שובאַלאָוו איז דעם 10־טען ה. מ. געטוירט געוואָרען פֿון די הענד פֿון אַ רעוואָלוציאָנער ביי זיך אין אויּדיענץ־זאַל. ער איז געווען דער אַנפֿערט־רויטער פֿון דעם ניט לאנג געטוידטעט סערגיוש׳ן און פֿון דער גאַנצער האָף־קאַמאַריל. דאָס אַליין וואָלט שוין געווען גענוג צו ערקלעהרען אונז די סבה פֿ׳ן זיין טויט נור נאָך אַ גרעסערע בעדייטונג האָט עס דערפֿאַר, ווייל דער רוסישער צאַר האָט געהאַט בדעה צו קומען קיין מאָסקווע און דאָרט מיט גרויס פּאַראַד ווידער ארויסגעגעבען אַ מאַניפֿעסט. איצט וועט ער שוין ניט קומען. דער מאַניפֿעסט וועט ארויס מיט ווייניגער פּאַראַד אבער פֿיעלייכט מיט מעהר אינהאַלט.

---

## ליטעראַטור און לעבען.

„די וועבער״. דראַמאַ אין 5 אקטען פֿון גערהאַרד הויפּטמאַן. איבערזעצט פֿון יעקב מילך. ארויסגעגעבען פֿון הילפֿס־פֿערבאַנד דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.) ניו־יארק. פּרייז 25 סענט.

די יודישע ליטעראַטור מעג שטאָלץ זיין מיט דער איבערזעצונג פֿון „די וועבער״. פֿאַר אלעם די סאציאַליסטישע, ארער איינפֿאַך די פֿאָרשריטליכע. קיין ווערק האט נאָך אַזוי שטארק ניט אויסגעדריקט די אוממענשליכקייט פֿון דעם היינטיגען סיסטעם, די עולה פֿון דעם קאפּיטאַליזמוס ווי הויפּטמאַן אין „די וועבער״. נור זאָגאַר די שעהנע ליטעראַטור מעג מיט דעם ווערק שטאָלץ זיין. הויפּטמאַן האָט דער ערשטער איבערגעוועלטיגט די שוויעריגקייטען פון דער טענדענץ אין דער קונסט. ער האָט בעוויזען, אַז די טענדענץ האָט איהם ניט נור ניט געשטערט צו בעשאַפֿען אַ גענ'אַלע ווערק, נאָר זי האט זאָגאַר אַרויפֿגעלעגט אויף איהר אַ ספּעציעלען סטעמפּעל. דער קאַפּיטאַליזמוס האָט נאָך ביזהער ניט זיין קונסט. אַזוי ווי עס האבען געהאט צ. ב. די פֿעאָדאַלען, רוימער און גריכען, ניט קוקענדיג אויף די ריעזיגע רייכטהימער, וואָס ער האָט אין אַזאַ קורצע צייט אָנגעזאַמעלט. קוקט אָן אַמעריקאַ און זעהט ווי ניעדריג איהר קונסט שטעהט. די אַלע גענ'אַלע דיכטער וואָס זענען אין דעם פֿאַ־יגען יאָהרהונדערט געווען, האָבען געלעבט אין דער פֿערגאַנגענהייט אָדער אין דער צוקונפֿט. דער פּראָלעטאַריאַט קען מיט שטאָלץ ווייזען אויף „די וועבער״ פֿון הויפּטמאַן, „די האָפֿנונג״ פֿון הייערמאַן, אַז ער האָט שוין זיין קונסט.

דער מאַטעריאַל פֿון דער דראַמאַ איז אַ היסטאָרישער: אַ הונגער פֿון וועבער אין שלעזיען אין יאָהר 1846. זאָגאַר פֿיעל איינצעלהייטען פֿון דעם בונט זענען גענומען פון דער געשיכטליכע קראָניק. דער זעלבער הונגער האָט געדיענט היינ׳ען פֿאַר מאַטעריאַל צו זיין גענ'אַלע ליעד: „די וועבער״.

„די וועבער״ געהערען צו די ווערק, וואָס געהערען צו דער גאַנצער מענשהייט. און אויף יעקב מילך׳ס איבערזעטצונג קענען מיר דרייסט זאָגען: אונזער ליטעראַטור איז רייכער געוואָרען מיט אַ גענ'אַלע ווערק: „די וועבער״.

*

וואָס איז אַ קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג, ב. ב־קי. ארויסגעגעבען פֿון אַלגעמיינעם יודישען ארבייטער בונד אין ליטא, פּוילען און רוסלאַנד. זשענעווו. דרוקעריי פֿון אַלגעמיינעם ארבייטער בונד (בונד). יוני 1905 יאהר.

ערצעהלונגען אויס דער געשיכטע פֿון דער ערשטער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע. ארויסגעגעבען פֿון אַלגעמיינעם יודישען ארבייטער בונד אין ליטא, פּוילען און רוסלאַנד. זשענעוו. דרוקעריי פֿון אַלגעמיינעם יודישען ארבייטער בונד (בונד) יוני 1905 יאהר.

---

Wydawca i odpowiedzialny redaktor **Ignacy Gross.** Z drukarni Józefa Fischera w Krakowie